ב. לוואָווא.





# 4
# מעשהלעך
# פאר קינדער

יידיש — מ ר.





פֿארלאג „דאָס בוך" ביאליסטאָק.

ב. לוואָווא.

# 4 מעשהלעך פאר קינדער

יידיש — מ ר.

רער קאָטערל.
צוויי הינט.
די וועווערכע און די כראָ.
די רויז.

1922

פארלאג „דאָס בוך" ביאליסטאָק.

דרוק מ. פרושאנסקי, ביאליסטאָק.



# דער קאַטערל.

גוט מאָרגן! דער גרויער קאָטערל האָט זיך
אויפגעכאַפּט, אויסגעריבן די פאַרשלאָ-
פענע אויגלעך, ברייט אַ געניץ געטאָן,
זיך אויפגעהויבן פון קאָרב, אַוועקגעלייגט ביידע
לאַפּקעס אויפן ראַנד און קוקט. זיינע צוויי ברידער-
לעך אין קאָרב שלאָפן נאָך. איינער איז אַ ווייסינ-
קער, דער אַנדערער אינגאַנצן אַ שוואַרצער, נאָר די
צורקע אַ ווייסע. שלאָפן זיי נאָך, צוגעטוליעט איי-
נער אין צווייטן.

אין צימער איז העל, די בעריאָזע הינטערן
פענסטער האָט זיך שוין אויך אויפגעכאַפּט און
שאָקלט אירע בלעטער.

אויף דער פּאָדלאָגע ליגט אַ קניילכל. נעכטן
האָבן זיך די קאָטערלעך מיט אים געשפּילט. לאַנג
זיך געשפּילט, ביז זיי האָט זיך פאַרוואָלט שלאָפן.
זיינען זיי אַריינגעשפּרונגען אין קאָרב, זיך אַוועק-

געלייגט, פאַרמאַכט די אויגלעך און איינגעשלאָפן. די גאַנצע נאַכט אָפּגעשלאָפן. צוויי שלאָפן נאָך, נאָר דער גרויאינקער איז שוין אויף. ער איז אַרויס־געקראָכן פון קאָרב, צוגעגאַנגען צום קנײלכל, אַ שטײס געטאָן דאָס מיט דער לאַפּקע, האָט דאָס קנײלכל זיך געקײקלט, געקײקלט און אונטערן קאַמאָד זיך פאַרקײקלט.

ניטאָ מער קײן קנײלכל, ניטאָ מיט וואָס זיך צו שפּילן. אַרויסקריגן פון אונטערן קאַמאָד איז אַ שווערע מעשה.

און די בעריאָזע רוישט אינדרויסן:

— קום, קאָטערל, קום צו מיר, אין גאָרטן!

האָט דער קאָטערל געטראַכט, געטראַכט, איז אַרויס אויפן גאַניק, שטייט און קוקט.

זעט ער — אַן אַלייע, אַ לאַנגע, אַ ברייטע. בײם סאַמע סוף — אַ רויטע קויל — די זון גייט אויף. קיינמאָל האָט נאָך דער קאָטערל ניט געזען, ווי די זון גייט אויף.

— כאַ, כאַ, כאַ! סאַראַ שיינקייט! בעסער אַפילו פאַר אונזער קנײלכל, — טראַכט ער, — אַ װאױלע פּילקע! — און אַוועקגעלאָזט זיך איבער דער אַלייע.

דאַכט זיך אים, אַז ער איז שוין אַ גרויסער, פּונקט ווי די מאַמע, איז אַוועק אַליין שפּאַצירן.

אָבער לעבן די הויכע ליפּעס קומט ער אוים אַזאַ ברעקעלע, קוים, וואָס מען זעט אים.

ביינאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן, און אויף דער אַלייע זיינען אומעטום פאַרבליבן לוזשעס. איז ער צוגעלאָפן צו אַ לוזשע, בויגט זיך איין, קוקט אַריין.

— וואָס איז דאָס? — זאָגט ער, — סאַר אַ מאָדנע בריאה! אַביסל אין מיינע ברידערלעך געראָטן, אָבער איינער איז דאָך אַ וויסינקער, דער אַנדערער אַ שוואַרצער און דער, דאַכט זיך, עפּעס אַזוי און ניט אַזוי...

לויפט ער ווייטער, קומט צום עק אַלייע, זעט ער — די רויטע פּילקע איז נאָך ווייט, ווייט, דאַכט זיך, אַז זי ליגט אויף יענער זייט פעלד, אויף דער לאָנקע.

לויפט ער איבער דאָס פעלד, קומט צו דער לאָנקע, ערשט די פּילקע איז הינטער די בערגלעך.

— עך, ניט פאַר מיינע כוחות,— טראַכט ער, לאָזט זיך צוריק אין גאָרטן און פאַרנעמט זיך אויף רעכטס, אין אַן אַנדער אַלייע.

באַגעגנט ער אַ הון גייט מיט די הינדעלעך, אַ סך, אַ סך, און אַלע שיינינקע בונטינקע.

די מאַמע-הון האָט געפונען אַ ווערימל, רופט זי צונויף די קינדערלעך, וויל צווישן זיי די מציאה באַרטיילן.

לויפן זיי, איילן זיך, שטופּן זיך, פאַלן פון די פּיסעלעך.

קוקט דער קאָטערל, קוקט, כאַפּט אים אָן אַ חשק זיך מיט זיי אַ שפּיל צו טאָן.

די קורטשאַקעלעך ווינען דאָך קיילעכדיקע, פּוכיקע. לויפט ער צו, טוט איינעם אַ ריר מיט דער לאַפּקע. קוים, קוים אַ ריר געטאָן, אַז די הון מאַכט דאָס אַ געוואַלד:

קאָ—קאָ—קאָ—קאָ!

פאַר כעס האָט זי קיין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידן.

פאַרוואונדערט זיך קאָטערל, קוקט זי אָן: ער האָט דאָך נאָר געוואָלט זיך אַשפּיל טאָן, מער גאָרניט.

— גיי, האָב צו טאָן מיט נאַראָנים! — טראַכט ער און שפּרינגט אַוועק צום הויכן גראָז, וואָס ער האָט דערזען פון ווייטן.

דאָס איז געווען אַאיר, און הינטער דעם אַאיר איז געווען אַ סאַזשלקע. דאָס וואַסער, אַ גרינלעכס איז מיט ווייסע בלומען, מיט בעכערלעך באַדעקט.

אין זומפּ, ניט ווייט פון ברעג, איז געזעסן אַ פּראָש, אַ גרינער מיט שוואַרצע פּינטעלעך, די אויגן שוואַרצע, קיילעכדיקע.

דערזען דעם קאָטערל, שרייט ער.

— אַװ—װ—װ—עקקקק! אַװ—װ—װ—עקקקק!

פאַרדריסט ענג דעם קאָטערל, קערט ער זיך אָפּ און קוקט אין װאַסער אַריין. דאָרט, אין װאַסער דערזעט ער דיזעלביקע מאָדנע בריאהלע, דאָס גרויע נפשל, — האָט ער זיך װידער ניט דערקענט, געטאָן אַ קלאַפּ איבערן װאַסער מיט דער לאַפּקע.

ברררר... פּע, — פאַרנעצט די לאַפּקע.

גייט ער װייטער, זעט — אַ טשערעדע גייט אַנטקעגן, פון פאָרנט אַ געלע קו, הינטער איר — אַנדערע שװאַרצע, גרויע און געלע, און לעמעלעך פּלאָנטערן זיך ביי זיי אונטער די פיס.

געפעלט אים, װי די גלעקעלעך, װאָס ביי די קי אויף די העלדזער, קלינגען: גלין, גלין, גיליגען! גלין, גלין, גלאָן!

די קי טוען אַפילו קיין קוק ניט אויף אים, גייען זיך זייער װעג.

הינטער זיי שלעפּט זיך אָבער אַ גרויסער, קודלאַטער שמוציקער הונט. װי נאָר ער האָט דערזען דעם גרויען קאָטערל, אַז ער װאַרפט זיך דאָס אויף אים מלא רציחה. דער קאָטערל האָט זיך דערשראָקן און געמאַכט פּליטה. דאָס האַרץ צימערט אין אים. געלאָפן, געלאָפן איבער דער סטעזשקע און אין גראָז אַריינגעלאָפן. דאָס גראָז איז הויך און נאַס פון נעכטיקן רעגן.

לויפט ער, ווי אַ רוח, קוקט זיך ניט אום. דער הונט האָט אים שוין לאַנג אויפגעהערט נאָכ־צויאָגן, און ער לויפט אַלץ.

איז צוריק אַרויס אויף אַ סטעזשקע, — מיט־אַמאָל ערשט וואַקסט פאַר אים די מאַמע ווינע אוים!

— פון וואַנעט האָסטו זיך גענומען?

— איך ווייס אַליין ניט... — און טוליעט זיך צו דער מאַמען, ציטערט.

און די מאַמע לאַכט:

— טייערינקער מיינער, ליבינקער. זע נאָר סאַראַ פּנים דו האָסט! נעבעך, אינגאַנצן אַ נאַסער...

גייען זיי אַריין אין שטוב, — די ברידער שפּילן זיך מיטן קנײַלכל, פאַרט אַרויסגעקראָגן פון אונטערן קאָמאָד. שטייען זיי צו צום גרויאינקן, ווילן וויסן, וואו איז ער געווען, וואָס געזען, און ער רעדט קיין וואָרט ניט, האַלט זיך אין איין בלאָזן און שווייגט. ער איז אַוועק צום קאָרב, זיך אין אים אַרײַנגע־לייגט און איינגעשלאָפן, — צוויי שעה אָפּגעשלאָפן.



# צוויי הינט.

דאַרבּטשיק האָט געלעבּט אין דאָרף בּײַ אַ פּויער. ער איז געווען אַ קלײנער, אַ שוואַרצער, מיט קורצע האָר.

ער איז געווען אַ געטרײַער הונט און האָט גוט געקאָנט די מלאכה: קײן פרעמדן פלעגט ער נאָנט צום שטוב ניט צולאָזן, בּײנאַכט — נאָר כאַפּן אַ דרעמל מיט אײן אויג, רעכט געשלאָפן האָט ער קײנמאָל ניט.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז דער פּויער איז אַוועקגעשטאָרבּן, און דער הונט איז געבּליבּן אַלײן. רופן אים די שכנים, די פּויערים, צו זיך. וויל ער ניט: ס'ציט אים ניט צו קײן נײעם בּאַלעבּאָס. ער וויל בּעסער גײן צום אַמאָליקן בּאַלעבּאָס אין דעם דאָרף, וואו ער איז געבּאָרן געוואָרן.

איז ער אַוועק. דער וועג איז אַ לאַנגער, אַ שווע-

רער. נאָר אַ ברירה האָט ער, גייט ער, גלייך, גלייך דורך בערג, דורך וועלדער, דורך זומפּן, קערט זיך ניט אָפּ אָן דער זייט. רוט אַ ווײַלע אָפּ און לאָזט זיך ווייטער אין וועג.

איז אים אויסגעקומען צו גיין דורך אַ טונקעלן וואַלד. זעט ער מיטאַמאָל — הינטער אַ רעמבּ אַן אַנדער הונט. אויך אַ קלײנער, פּונקט ווי ער, די האָר קורץ, פּונקט ווי זיינע, אָבער ניט קיין שוואַר־צע, נאָר געלע מיט ווייסע פלעקן, דעם עק צו דער ערד אַראָפּגעלאָזן.

יענער גייט אַרויס, קוקט זיך אַרום, און די אויגן זיינען בײַ אים אַזעלכע בייזע, רק ווי קוקן אין אַ זייט, פרעגט ער:

— ווער ביסטו אַזוינער?

— איך בין ראַבּטשיק, און דו?

— איך?! וואָס גייט עס דיר אָן?

און טאַקע ניט געזאָגט ווער. נאָר בײַ ראַבּ־טשיקן פרעגט ער:

— וואוהין גייסטו?

— אין אַ ווייטן דאָרף. גלייך, גלייך גייט מען אַהין, און דו?

— איך גיי אויך אַהין. נאָך וואָס גייסטו?

— צו מײַן אַמאָליקן בּאַלעבאָס. מײַן פויערל, וואָס איך האָב מיך בײַ אים אויפגעהאַלטן, איי, נעבעך.

אַוועקגעשטאָרבן, ווייל איך זיך אומקערן אין מיין דאָרף, וואו איך בין געבאָרן געוואָרן, און דו?

— עט, אַזוי זיך, איר האָב דאָרט עפּעס אַן עסק.

ער איז זיך ניט מודה, אַז דער באַלעבאָס האָט אים אַרויסגעטריבן פאַר גנבה, און קיין פויער וויל אים אויפן שוועל ניט אַרויפלאָזן. איז ניטאָ זיך וואו אַהין צו טאָן, און ס׳איז אים אײַנגעפאַלן פּרובן מזל אין אַ ווייטן דאָרף, וואו מען קען אים ניט.

גייען זיי צוזאַמען.

ראַבטשיק גייט מיט פעסטע טריט, אויפן גלייכן וועג. זיין חבר אָבער ציטערט, האָט פאַר אַלץ מורא, לויפט דורכן וואַלד, זוכט, וואו ס׳איז פינס־טערער, מען זאָל אים ניט זען.

קומען זיי צו אַ ריטשקעלע. ראַבטשיק גייט אַריבער איבער די שטיינדעלעך, דער געלער אָבער וואַקלט זיך.

— איך געטרוי ניט די שטיינער, — זאָגט ער — מאַלע וואָס עס קאָן פּאַסירן, זיי קענען נאָך אַרויס־גליטשן זיך פון אונטער די פיס, קאָן מען נאָך די פיס פאַר׳עצן, — בעסער איבערשפּרינגען.

ער איז אַריבערגעשפּרונגען, זיך צע־קלאַפּט אַ פוס.

גייט ער — הינקט צו און כעסט זיך.

קומען זיי צו אַ באַרג. ראַבטשיק בלייבט ניט

שטיין און גייט גלייך, באַרג אַרויף. דער געלער אָבער וויל דעם באַרג אַרומגיין.

— אויף די בערג — טענהט ער — קען מען זיך אויך ניט פאַרלאָזן, מ׳קען זיך יעדע רגע אַראָפּ־קייקלען ווי אַ שטיין.

ראַבטשיק איז אַרויף אויפן שפּיץ באַרג, זיצט און רוט. זעט ער — דער געלער הונט גייט, גייט אַרום באַרג, פאַרקריכט אין אַ בלאָטע און קען ניט אַרויס.

לויפט שוין ראַבטשיק צו אים און זאָגט:

— איך וועל דיר העלפן...

— ניין, — ענטפערט דער געלער, — דו טרעט בעסער אָפּ... ווער ווייס דיך! אַ קשיא אויף אַ מעשה: קענסט מיר נאָך אַ שטויס טאָן, וועל איך נאָך טיפער פאַרזינקען.

— נו, ווי דו ווילסט. איך מוז אָבער גיין, — ס׳ווערט שפּעט.

ראַבטשיק האָט שוין גענומען גיין, האָט זיך אָבער באַלד אומגעקערט: אַ חבר אין אַ נויט טאָר מען ניט פאַרלאָזן.

דער הונט האָט זיך געמאַטערט, געמאַטערט, סוף־כּל־סוף איז ער אַרויסגעקראָכן פון דער בלאָ־טע, האָט אַפילו קיין דאַנק ראַבטשיקן ניט געזאָגט.

פאַרוואָס ער האָט געוואַרט אויף אים. ער האָט שווער געאָטעמט און געזאָגט צו ראַבטשיקן:

— איך בין אויסגעמאַטערט, ווייטער גיין האָב איך קיין כּוח ניט, מירן שוין דאָ איבערנעכטיקן.

ווי ראַבטשיק האָט זיך געלייגט, איז ער גלייך איינגעשלאָפן. וואָס האָט ער צו טראַכטן? אויפן האַרצן איז רואיק: קיין שלעכטס האָט ער קיינעם ניט געטאָן, אַלע זיינען מיט אים צופרידן, וועט מען אים צונעמען דאָרט אין יענעם דאָרף איז גוט, אַ ניט, קערט ער זיך אום צוריק. די פּויערים וועלן זיך דערפרייען מיט אים: זיי האָבן דאָך אים געבעטן בלייבן.

דעם געלן הונט אָבער נעמט קיין שלאָף ניט, כאָטש ער איז פאַרמאַטערט. דאָ איז אים פינסטער, דאָ צו ליכטיק, ס׳וואַרפט אים אין קעלט, אין היץ, ער האָרכט זיך צו, אפשר גייט עמיץ.

אַזוי האָט ער זיך געדרייט אויף אַלע זייטן ביז באַגינען, און ניט איינגעשלאָפן.

די הענער אין דאָרף האָבן גענומען קרייען, די זון איז אויפגעגאַנגען, ראַבטשיק האָט זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעריבן די אויגן, אָפּגעטרייסלט.

זיי האָבן זיך געלאָזן אין וועג אַריין.

גייען זיי און גייען, און קומען אין דאָרף. ווי נאָר ראַבטשיק איז אַריין אין דאָרף איז ביים עולם

הינט געוואָרן אַ שמחה, אַ גדולה. אַ גאַנצע כאָפּטע האָט אים פריילעך מקבל פּנים געווען. אויפן געלן אָבער קוקט די חברה קרום, טשעפּעט אים אָבער ניט. ער איז דאָך געקומען צוזאַמען מיט ראַבּטשיקן.

דערזען ראַבּטשיקן, האָט דער באַלעבאָס זיך דערפרייט, געגעבן אים עסן צוזאַט און געלאָזן ביי זיך.

און דער געלער הונט וואַרט אַלץ, וואָס וועט דאָ זיין.

דערווייל וואַרפט ער אַ בליק, וואָס און וואו ליגט.

מיטאַמאָל זעט ער, — אַ פּויער גייט. אַ פּויער, ווי אַלע פּויערים, מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ זעקל — אויפן פּלייצע, אָבער ער געפעלט ניט דעם געלן. ער באַהאַלט זיך פאַרן פּויער הינטערן ברונים.

דער פּויער האָט אים אָבער באַמערקט און שרייט:

— אַהאַ! האָסט זיך אַזש אַהער אַוועקגעשלעפּט. יאָגט אים, טרייבט אים, איך קען אים גוט. אַ מיאוסער נפש! אַ בייזער, אַ ביטרער און אַ גנב דערצו.

זיינען די הינט אויף אים אַרויפגעפאַלן. געריסן, געביסן, געטריבן.

קוקט ראַבּטשיק, קוקט און ס'פאַרנעמט אים ביים האַרצן: אַ רחמנות, נעבעך, אויפן געלן הונט. ער קען אים אָבער גאָרניט העלפן.

אַ פּאַרמאַטערטע האָט די חברה הינט זיך אומ־
געקערט מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער.

און דער געלער איז אַרויסגעלאָפן פון דאָרף,
האָט זיך בּייז אומגעקוקט אויף ראַבּטשיקן און אים
געוויזן די ציין. וואָס איז אָבּער ראַבּטשיק שולדיק?

יאָ, ניט אַלע הינט אויף דער וועלט זיינען
גלייך!...



# די וועווערקע
# און די קראע.

I.



די וועווערקע שפּרינגט איבער די צווייגע־
לעך. שפּרינגט הויך אויף די אַלטע
בּוימער, אונטערן לויטערן הימל.

בּויגן זיך די צווייגן, רוישן די גרינע בּלעטער
און נעמען זי אויף מיט אַ בּרייטן בּרוך הבּא:

— גוט מאָרגן, וועווערקע! גוט מאָרגן, געלינקע?

טאַנצט זי פון צווייגל אויף צווייגל, וויגט זיך
און שפּרינגט ווייטער.

זי בּאַגעגנט אַ סך, אַ סך פייגעלעך; זינגען איר
אַלע אונטער אַ פריילעכס און טאַנצן פּונקט ווי זי,
הויך אויף די אַלטע בּוימער, אונטערן לויטערן הימל.

די וועווערקע האָט האָלט די פויגעלעך. זי
האָט האָלט דעם סאָלאָוויי, די שוימפייגעלעך, אַלע,
אַלע זינגערקעס, נאָר איין פינגסטל געפעלט איר ניט.

דערדאָזיקער געלער פויגל גיט אַ פייף, קערט
זיך אום צו איר און זאָגט:

— ווייז אָקאָרשט אַ קונץ און פייף ווי איך!

פאַרדריסט דאָס דער וועווערקע, אויף כּפּרוה
דאַרף זי פייפן...

זי קען טאַקע טאַנצן איבער די צווייגלעך, פלינק איבערשפרינגען, זי קען הייגגען מיטן קאָפּ אַראָפּ, ניסע־לעך קלייבן, אָבער פייפן — ניין, דאָס קען זי ניט. ס'איז אַפילו נאַריש וועגן דעם צו פרעגן.

די וועווערקע איז צוגעשפרונגען צום נוסבוים, האָט געפונען דריי ניסלעך, איינעם — אַ גרויסן, צוויי קלענערע, האָט זיי באַהאַלטן אין פיסקעלע און אַוועקגעלאָפן צוריק, צו זיך אַהיים, פון נוסבוים — אויף די ליפע, פון דער ליפע — אויפן קליאָן, פון קליאָן — אויף יאַשען.

זי האָט הנאה פון ווינטעלע, וואָס שאָקלט די בלעטער פון די בוימער. אויף אַ דיקן בוים קלע־טערט דער פיקהאָלץ, קלאַפּט אין קאָרע: טוק־טוק, טוק—טוק. סאַראַ בייזער פריץ, סאַראַ מינע ער מאַכט! דרך ארץ פאַר אים!

די וועווערקע האָט שוין געוואָלט פון יאַשען איבערשפּרינגען אויף אַ בעריאָזע, אַז דער פינגסט איז דאָ, זיצט אויף אַ צווייגל, גלייך מיט איר.

דערזען די וועווערקע, האָט ער אַ פּייף געטאָן און געפרעגט:

— און דו קענסט אַזוי ווי איך?

האָט דאָס וועווערקע נאָך מער פאַרדראָסן, זי האָט אָבער קיין וואָרט ניט געענטפערט און איז

אַוועקגעשפּרונגען. דער פינגסט — נאָך איר און
בסדר זיך געריייצט:

— בע, דו קענסט טאַקע ניט!... בע, דו קענסט
טאַקע ניט!

מיטאַמאָל דערזעט די וועוערקע, — אַ קראָע
פליט, — אַן אַלטע זקנה, איין פליגל הייננגט איר
אַראָפּ, אַן אומגעלומפּערטע אַזאַ, קוים, וואָס זי
רירט זיך.

די קראָע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ צווייגל
אָפּגעריסן, זיך גענומען זיך דראַפּן און קוים מיט
צרות זיך איינגעזעצט.

די וועוערקע האָט גאָר פאַרגעסן אָן דעם
פינגסטל, קוקט אויף דער קראָע און לאַכט פון איר
שוין צו מיאוס האָט איר אויסגעוויזן די אומגעלומ־
פּערטע זקנה: ניט זי קען פליען, ניט זיך אַ דריי
טאָן, אַפילו זיצן קען זי אויך ניט.

דערזען, אַז די וועוערקע לאַכט פון איר, איז
די קראָע אין כעס געוואָרן און זאָגט:

— דו, געלע, וואָס לאַכסטו דאָרט? איך וועל
דיר דאָ באַלד...

האָט זיך די וועוערקע דערשראָקן, אַ פינטל
געטאָן מיט די אויגעלעך, פונאַנדערגעלאָזן דעם
עק און געפּגט דעם מויל — האָט גאָר פאַרגעס,

אַז דאָרט ליגן די ניסלעך, און טאַקע אָנגעוואָרן דעם סאַמע גרעסטן, דעם סאַמע בעסטן.

וואָס טוט מען דאָ?... מוז מען זיך אַראָפּ־לאָזן אונטן, אויף דער ערד אַ זוך טאָן.

און די קראָע האָט געזען, ווי דער ניסל איז אַראָפּגעפאַלן, איז זי אַראָפּגעפלויגן נאָך איידער די וועווערקע האָט זיך אַ ריר געטאָן, אים געפונען און צוגעדריקט מיט דער לאַפּקע.

די וועווערקע איז גלייך צוגעשפּרונגען צו דער קראָע און זיך געבעטן רחמים:

— גיב מיר אָפּ, גיב, טו אַ טובה, גיב!

— דיר אָפּגעבן?! קוקט זי נאָר אָן, אַ טובה איר טאָן, אָקאָרשט פון מיר אָפּגעלאַכט, חוזק גע־מאַכט, טראָג זיך אָפּ!...

האָט זיך די געלע אָנגעבלאָזן:

— געדיינק! וועסט מיר נאָך אָפּגעבן! — די אויגן גלאַנצן ביי איר, דער עק האָט זיך אויפגע־הויבן אין דער הויך.

— קראַ, קראַ, קראַ!... האָט די קראָע זיך גע־רייצט און געמאַכט מיט די געלומפּערטע פליגלען.

איז די וועווערקע געבליבן מיט די צוויי ניסע־לעך. זי האָט געטראַכט, געטראַכט, אויף קיינעם ניט געקוקט, שוין פון קיינעם קיין חוזק ניט געמאַכט און איז מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קעפּל אַוועק אַהיים.

II.

זיצט די וועווערקע איינער אַליין אויף אַ צווייגל, הוידעט זיך ניט, זיצט רואיק, דעם עק אַראָפּגעלאָזן פאַרדאגהט,

אונטן אין גראָז שטייען צוויי שוועמלעך, איינס אַגרויס, דאָס פיסל — וויס, דאָס היטל — טונקל. ס'אַנדערער—גאָר אַ מאָנטשינקס, אַז עס וועט אויסוואַקסן, וועט עס זיין ווי דער חבר. אָבער דערווייל איז עס נאָך אינגאַנצן אַ געלינקס, אַ קיילעכדיקס, באַהאַלטן אין מאָך, אים איז דאָרט גוט, אים איז דאָרט ווייך.

קוקט די וועווערקע, שעפּט נחת פון דעם שוועמעלע, און אַליין איז איר אויפן האַרצן ניט גוט, ניט פריילעך.

די קראָע גייט איר פון זינען ניט אַרויס. זי דערמאָנט זיך, ווי די קראָע איז שווער געפלויגן, ווי זי האָט זיך פון צווייגל אַראָפּגעריסן, געדראַפּעט זיך, קוים, וואָס זי האָט זיך אַיינגעזועצט.

— אַלט, אַוודאי, שוואַך, נעבעך... וואָס פאַראַ משוגעת איז אויף מיר אַרויף פון איר אָפּצולאַכן?

מיטאַמאָל הערט זי, עמיץ פליט נאָנט, מאַכט שווער מיט די פליגלען.

זי זעט,—די קראָע, דיזעלבע אַלטע קראָע. זי איז פאַר-

בײגעפלױגן, װי זי װאָלט די װעװערקע גאָרניט באַ־
מערקט, זיך געזעצט ניט װײט אױפן זעלבן צװײגל טאַקע.
די קראָע האָט מיט אײן אױגל געװאָרפן אַ בליק
אױף דער װעװערקע, קײן װאָרט ניט אַרױסגערעדט.
די װעװערקע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:
— איך האָב געטאָן אַ זינד, איך בין שולדיק געגן
דיר. זײ מיר מוחל, כ'האָב קײן שכל גיט געהאַט,
איצט האַלט איך אין אײן טראַכטן: פאַרװאָס האָב
איך דיך מביש געװען?
— הער שױן אױף, הער אױף, גענוג רײדן נאַריש־
קײטן—ענטפערט די קראָע,—זעסט דאָך, איך בין אַלײן
אַהער געקומען, בײ זיך אין שטוב האָב איך געטראַכט,
געטראַכט, צו װאָס האָב איך גענאַפט אַװעקשלעפּן
דעם ניסל. דו דאַרפסט אים אַװדאי האָבן? געװאָלט
דיר אָפּברײנגען, האָב איך אים אָבער פאַרלאָרן
אױפן װעג, ניט געװאוינט צו טראָגן ניסלעך, דו מוזט
מיר שױן מוחל זײן!
— גײ שױן גײ, ניט איך דאַרף דיר מוחל זײן.
און דעם ניסל דאַרף איך אױך ניט, איך האָב זײ
דאָ אין װאַלד, װיפל מײן האַרץ געלוסט.
פון דעמאָלט אָן טרעפן זיך די װעװערקע און
די קראָע זײער אָפט צוזאַמען, גיבן זיך אָפּ גוט־
מאָרגן און זײנען גוטע פרײנד געװאָרן.



# די רויז.

דער אַלטער גאָרטן האָט אַיינגעשלאָפן. די בוימער שווייגן, די בלעטער באַ־וועגן זיך ניט, סודן זיך ניט.

אַיינגעדרעמלט האָבן די פייגעלעך, די בלומען, די גראָזן.

נאָר די אומגעלומפּערטע פלעדערמייז פלאַ־טערן איבערן גאָרטן. איצט איז זייער צייט: אונזער פינסטערע נאַכט איז זייער העלער טאָג.

די לבנה פון הימל קוקט אַריין אין טונקעלן גאָרטן און באַגיסט מיט זילבערשיין די בוימער, די סטעזשקעס און די בלומענבייטן, וואו עס וואַקסן די רויזן, די נעגעלעך און חנהלעס־אויגעלעך.

אין סאַמע מיטן שטייט אַ רויטע, נאָך ניט קיין פונאַנדערגעעפנטע רויז. זי איז קענטיק, די איינצי־

קע אין גאַנצן גאָרטן, וואָס איר נעמט קיין שלאָף ניט.

שטייט שטאָלץ פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און חלומט.

באַגינען, — טראַכט זי, — אַז די לבנה מיט די שטערן וועלן זיך באַהאַלטן, ס'וועט נעמען טאָגן, די זון — שיינען, וועט זי זיך דאָס גרויסאַרטיק פונאַנ־דערלאָזן. די גאַנצע וועלט וועט נתפעל ווערן, די גאַנצע וועלט וועט אַנטציקט זיין פון איר שיינקייט, פון איר פּראַכט.

ווער' וועט זיך ניט בוקן פאַר איר, פאַר דער שענסטער בלום אין גאָרטן? זי דאַרף זיך נאָר האַלטן שטאָלץ, קוקן אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ.

די נאַכט איז אַוועק, די זון האָט אַראָפּגע־שיינט פון הימל, דער גאָרטן האָט זיך אויפגעכאַפּט און געשעפּטשעט מיט זיינע בלעטער.

די פייגעלעך האָבן זיך אויך אויפגעכאַפּט און גענומען זינגען זמירות. די פלעדערמייז זיינען נעלם געוואָרן אין זייערע לעכער.

אַ גאָלדענער זונענשטראַל האָט זיך אַראָפּגע־לאָזן צו דער רויז, איר אַ קוש געטאָן.

זי האָט זיך ברייטער און ברייטער פונאַנדער־געעפנט און געלאָזן פון זיך אַזוינע מחיהדיקע ריחות, אַז הנהלעס־אויגעלעך האָבן די קעפּעלעך פאַר איר

פאַרנייגט. אָבער די רויז האָט אַפילו ניט געוואָלט
אַ קוק טאָן אויף זיי.

אַ בינעלע איז פאַרבייגעפלויגן, זיך שוין געוועסט
געזעצט אויף דער רויטער רויז, דערזען אָבער, ווי
שטאָלץ זי פאַרוואַרפט דעם קאָפּ, האָט די בין זיך אַראָפּ-
געלאָזן אויף דאָס דערבייאיקע נעגעלע. באַלד איז
זי אַוועקגעפלויגן אָנזאָגן אַלע בינעלעך, זיי זאָלן זיך
היטן פאַר דער רויז. פון בלום אויף בלום, פון גרע-
זעלע אויף גרעזעלע איז זי געפלויגן און צעטראָגן
איבערן וואַלד די ידיעה וועגן דער שטאָלצער רויז.

פאַרנאַכט האָט די רויז דערהערט, ווי דער
ווינט באַוועגט זיך, שעפּטשעט עפּעס שטיל און רואיק.

— אַוודאי וועגן מיר, וועגן מיין שיינקייט! —
טראַכט די רויז און האָרכט זיך צו.

דאָס ווינטעלע האָט גאָר געשמועסט מיט די
אַלטע ליפּעס. ער האָט זיי דערציילט, וואָס הערט
זיך אין וואַלד, וואָס מאַכן די בוימער, די בלומען,
די ריטשקעלעך, די פויגעלעך. פליענדיק פאַרביי
דער רויז, האָט דאָס ווינטל זי אַ שאָקל געטאָן. די
ליפּע האָט אים שוין דערציילט וועגן איר.

די זון האָט זיך באַהאַלטן הינטערן וואַלד,
ס'איז געוואָרן טונקל.

ווידער האָבן זיך אָנגעצונדן די שטערנדלעך,
ווידער האָט די לבנה אַריינגעקוקט אין גאָרטן.

שטיל איז אַרום. דער סאָלאָווײ האָט זיך געזעצט אויף אַ צווײַגל פֿון דער אַלטער ליפּע און געזונגען זײַן נאַכטליד.

די רויז האָט אים געזען און געוואַרט, ער וואָל זינגען וועגן איר. דער סאָלאָווײ האָט זי אָבער ניט באַמערקט, און אפשר — גאָר ניט געוואָלט באַמערקן.

ער האָט געזונגען וועגן אַלץ אויף דער וועלט: וועגן דער זומערנאַכט, וועגן דער לבֿנה, וועגן די שטערן, וועגן וואַרימען נעסטעלע. נאָר וועגן דער רויז האָט ער קײן וואָרט ניט דערמאָנט.

האָט עס דער רויז שטאַרק, שטאַרק פֿאַרדראָסן.

אין דערזעלבער רגע איז אַ זשוקל, וואָס האָט געדרעמלט אויף אַ בלאַט פֿון דער אַלטער ליפּע, אַראָפּגעפֿאַלן גלײַך אויף דער רויז. איז זי דאָס אין כּעס געוואָרן און מיט פֿאַראַכטונג אַראָפּגע־טרייסלט אים פֿון זיך. דער זשוקל איז אַראָפּגע־פֿאַלן אויף דער ערד, האָט זיך שטאַרק צעקלאַפּט און לאַנג ניט געקאָנט קומען צו זיך.

הנהלעס־ווײגעלעך האָבן זיך אַײַנגעבויגן און זײ צערטלעך באַדעקט מיט זייערע בלעטעלעך, געוואָלט באַשיצן פֿון דער שלעכטער רויז.

אָפּווידלען די רויז האָבן הנהלעס־ווײגעלעך זיך געשעמט, ניט געהאַט קײן העזה.

דאָ האָט אָבער דער אַלטער גאָרטן, די

אַלטע ליפּע געשאָקלט מיט די צווייגן, געטענהט אין איין קול:

— רויז, דו ביסט אַ שלעכטע! רויז, דו ביסט אַ שלעכטע!

דער סאָלאָוויי האָט זיך אויפגעהייבן און ווייט, ווייט זיך אַוועקגעטראָגן.

די רויז הערט די טענות פון דעם גאָרטן, פון דער ליפּע, ס'אַרט איר אָבער ווי דער וואַנט, אדרבא, זי טראַכט: אַלע זיינען אויף איר אין כעס, זיינען איר מקנא.

זי האָט זיך אויסגעצויגן און אַרויסגעשטעלט אירע שטעכעדיקע דערנער.

אַלע ביימער האָבן זיך פון איר אָפּגעקערט. דאָס ווינטל, וואָס איז אָקאָרשט געקומען צופליען, האָט האָלט דעם אַלטן גאָרטן, די ביימער, האָט ער זיך צעבייזערט אויף דער רויז, און זי גענומען טרייסלען. זי איז צעשאָטן געוואָרן. דער ווינט האָט געדרייט אירע בלעטעלעך אינדערלופטן און צע־וואָרפן איבערן גאַנצן גאָרטן.

באַלד איז פון דער שטאָלצער רויז פאַר־בליבן נאָר איר פּיסעלע, דאָס דינע שטיינגעלע, און אים האָט דער ווינט געשאָקלט אויף אַלע זייטן, ביז ער איז מיד געוואָרן.

## ס'דרוקט זיך:

ס. טאָמפסאָן—דער שווארצער מוסטאנג.

" " וואָראָביטשיק מזיק

" " רויט קראגעלע

דזשעק לאָנדאָן—דער פאררעטער.

" " —האָטשאַו און האָטשאָו.

